# אפּיסל מגילות

וועגן שרייבער
„קינצלער" און
שימי-טענצער

עקספּראָמט פֿון חגי



ווארשע · 1926 · פּורים

געדרוקט אַלס מאַנוסקריפּט אין 150 עקזעמפּלאַרן




י.ל. פּרץ (אַראָפּקוקנדיק פֿונם אָלימפּ): — וואָס איז עס פֿאַר אַ מין ליטעראַטור?!
שלום-עליכם (קײַכנדיק): — ניין! דאָס שאַפֿט מען „יידישע קולטור"!...





★ ★
★

אין צײַטן מָרֶה-שחורֶה׳קע,
אין טרויריקע מינוטן,
ווען אַלץ אַרום, פֿון קלײן ביז גרויס,
ווערט נמאָס מיר לחלוטין, —
דאַן גורט איך מײַנע לענדן אָן
און זאָג מײַן ווײַב: „אַ גוטן!"

דאָך אײַל איך נישט אין חבֿר׳ס הויז
צו כאַפּן דאָרט אַ קערטל,
מיך ווײַלט אויך קײן טעאַטער נישט,
קײן קינא, קײן קאָנצערטל:
דער „שרײַבער-קלוב" אַלײן דאַן איז
פֿאַר מיר דאָס ליבסטע ערטל.

דער „שרײַבער-קלוב"! - איך לעב דאָרט אָפּ,
דאָס האַרץ זיך באָדט אין פֿרײדן:





דאָרט הער איך מיר אַ „לעצטע נײַס"
פֿון עלטער-עלטער זיידען ;
איך זע אַ „שימי"-שאַרדש, וואָס שאַפֿט
אויף דר'ערד מיר דעם גַן-עֵדֶן ...

דאָרט לעב איך אָפּ ... אַ „גראַציע" טאַנצט,
וואַרפֿט מַמזֵריש אַנ'אייגל ...
ס'זאָגט עמיצער אַ „פֿעטן" וויץ,
אַ צווייטער קײַט אַ בייגל,
אַ דריטער מַעלֶה-גֵרֶה'ט סתּם,
און בַטֶל'ט, בײַסט די נעגל ...

אָפֿט גרילצט אויף פֿאַטעפֿאָן-מוזיק
און טוט די צײַט פֿאַרזיסן ...
אַזוי פֿאַרטרײַב די לאַנגווייל איך
אין די הערלעכן געניסן ...

- - - - - - - - - - - - - -

ווער ס'האָט אַ לאַקרעץ-טרונק פֿאַרזוכט
דער קאָן דעם טַעם נאָר וויסן !...

אויף „אַנ׳אַרבעס-אָוונט"
אין אַ היימישער געזעלשאַפֿט
ביי פֿר׳ פּ. ז.—ן
וואַרשע, 1925, 5 דעצעמבער

# לְכָבוֹד אַנ׳אַרבעט-אָוונט

(עקספּראָמט)

אייערע חשוב׳ע הערן און גנעדיקע דאַמען!
איידער איך נעם זיך צו די אַטראַקס,
באַפֿעלט פֿריער אַרײַן איינעם אַ טעלערל גראַמען,—

נאָך „ביטער און רו״,
הערט זיך גוט צו:

„איך האָב פֿאַרלאָזן אַלע ליבסטע״—
כ׳מיין: די קינסטלער, ליטעראַטן,
גראַפֿאָמאַנען, פּסיכאָפּאַטן,
מיט די יאָלדן אָן קראַוואַטן,
מישטיינס-געזאָגטע „דעמאָקראַטן״,
פֿלאָקן-שיסער, „דעלעגאַטן״,
פּרנסים, שרייַער, דעפּוטאַטן
מיט זייערע קוואַטשן און דעבאַטן,
מיט די „טעזיס״-סוראָגאַטן
און בלוטאָרימע פּלאַגיאַטן,—






דאָרט אין „בטלנים-קלוב“, אויף טלאָמאַצקע,
געשלאָגן כּפּרות מיטן „סטעפּ“, דעם „יאַוואַ“ און די „קאָזאַצקע“
פֿון דער קאַרלינסקי'כע און פֿון נאָמבערג'ן, דער טענצער-„סטאַר“;
מוחל געווען אָן שום צער
די האַרציקע סביבה מיטן דזשענטעלמעניש „באָן-טאָן“...
געלאָזן די קאַצנמוזיק פֿון פּאַטעפּאָן
מיט די הייזעריקע פּליטן;
דעם קלאַסישן בופֿעט מיט די כּמו-בוטערשניטן,
מיט די נישט-דערזאַלצענע שפּייזן
פֿון פּאַראַכטאָגן,
וואָס לייגן זיך נישט אויפֿן מאָגן,
מיט די איבערגעזאַלצענע פּרייזן,
וואָס לייגן זיך נישט אויפֿן שׂכל;
געלאָזט די פֿריילן **דאָרע** מיטן יאַפּאַנישן שמייכל,
די גאַרדעראָב-העלדין **עדזשע** מיט איר יאַגד אויף פּאַלטענס און קאַפּעלושן;
די געסט-מיידלעך אַלע, וואָס לאָקערן אויף „חופּה-וקידושין“;
דאָס „לעדזע-שטיבל“ מיט די „מתּן-בּסתר“-קושן...
די הויכווירדיקע פּיפּי, דאָס ליטעראַרישע קעצל,
וואָס נאַשט חכמה מיט מילך פֿון איין ברודיק טעצל,
און דינט ווייבערלאָזע שרײַבער אַלס לאַסקעדיק „שעצל“...

געלאָזט דעם אימפּרעסאַריאָ **יאַנקעלע**, וואָס דער קלוב אָן אים
איז ווי א סוכּה אָן אַ פֿלאָקן, ווי אַנ'אַקטיאָר אָן גרים;







# אביסל רכילות

דעם טעאַטער-העלד אַרנאָלד׳ן, דעם באַרימטן „דירעקטאָר״ ;
דעם „פֿליגן-כאַפּער״ ריבאייזן, דעם קלובס „זיטן-אינספּעקטאָר״...
דעם חבר קַלמן, דעם טעמפּעראַמענטפֿולן פֿראַנט ;
מאָרדכעלעס, דעם קאָכערלעפֿל און „הויף-ליפֿעראַנט״
פֿון מיידלעך, טענצערקעס, פּורים-שפּילער און אַלץ וואָס אַמוזאַנט...
דעם קליינעם שטערן, וועמעס גרויסער ברודער
עסט מיטאָגן אויף אַלאָמֶת און שרייבט אויך לידער...
דעם „גַזלן״ לערמאַן, דעם שימי-מַתמיד,
גרייט פֿאַר אַ טאַנץ לְהַרוג וּלְהַשמיד ;
דעם „וואוילעניונג״ קאַגאַנאָווסקי מיט די הויכע שטיבלעטן,
מיט אויגן תָמיד דורשטיקע, וואָס בעטן
א פּאַפּיראָסל, צי א נײַע „ליבעס-געטין״...

געלאָזט לייזעראָוויטש׳עס שמַד-שטיקלעך און „מָתוק-מְזֻפֶּת׳דיקע״ וויצן;
מעטראָפּאָליטאַנסקי׳ס שאַרפֿזיניקע געדאַנקען-בליצן ;
משה אַפּעלבוים׳ס זאַל-געמעלעכץ און „פּענזל-שפּריצן״:
די ווילדע קאַטשקעס און משוגע׳דיקע פּיפּערנאָטער-סקיצן ;
ניימאַנ׳ס צאַרטן ערד-באַריר אויף די פֿינגער-שפּיצן,
זיין פֿויגל-פּישטשערײַ פֿון מיסטיק, לאָקש און דיבוק,
פון באבע יאַכנעס שטערנטיכל, פֿון פֿאָלקסטימלעכן ליולקע-ציבעק...

געלאָזט דעם גרויסן שוואַלבע׳ס פֿעלקער-ליגע-קאָמענטאַרן ;
סאַול וואַגמאַנ׳ס „פּאַטעטישע״ פּאַריזער-פֿיסלעך-מעמואַרן...
בערנאַרד זינגער׳ס ריטערליכע אַעראָפּלאַן-געפֿאַרן ׳/





מיט די בלאָפֿן פֿון סיים-בופֿעט און סיים-קולוואַרן ;
דעם געלען **איינהאָרן** — אַ ייִד שטאַרק נערוועאיש ,
היצט זיך וועגן „בונד״ , יִמַ״ש , וועגן ייִדיש און העברעאיש ;
דעם סאָלידן ד״ר **גאָטליב** — „געזאָנען״ אייראָפּעאיש ,
דינט „צִיוֹנס-זאַכע״ אָן פּנִיוֹת , ריין „אידעאיש״ …
דעם שעף-רעדאַקטאָר **גאָלדבערג אַבְרֶהמ'ל** ,
אַ פֿיפֿיקער פּאַרשוין , דרייט ניש-קָשֶׁה'דיק דאָס קרעמל …
דעם צַדיק ר' **הלל צייטלין** מיט די בָנים , וועמעס זכות'ן
ס'איז מֵגין אויפֿן קלוב פֿאַר אַלע זינד און אַלע שטות'ן ;
דעם פּולקאָווניק ד״ר **מיזעס** , אַ ייִד אַ פִּקח , קיין עין-הָרע ,
וואָס איז כּורך צוזאַמען „קאַזאַרמע״ מיט „גמָרא״ …
איטשעלע'ס „פּאָליטישע שַבּת-קוגעלעך״ — קאַפּהענער אַ כַּפָּרה! ;
דעם „פּרעהיסטאָרישן״ **מֶלך ראַוויטש** , וואָס קאָן נישט ציילן קיין צוויי ,
קומט שטיל ווי א הינדעלע , טוט ס'גאַרטעלע אַ פֿאַרדריי ,
און לייגט — אַנ'איי …

געלאָזט דעם שמייכלענדן **פּערלע** , וואָס זוכט אַ שיקסע אַ נעטע
אַלס טעמע פֿאַר אַ נַייע נאָוועלע אַ פֿעטע ;
דעם מאַעסטראָ **מאַסטבוים**'ס אַרבעס-צום-וואַנט-קלעבעדיקע-רעפֿעראַטן
וועגן בעטהאָווען , ניטשע , שאָפּענהויער און אַנדערע יאַטן ;
דעם געניאַלן **קאַווא** מיט זיינע „פּיטשי-פּוי״-ציטאַטן ,
זיין לאַשצען און צערטלען דעם זוים פֿון אַ קליידל ,
וואָס קלעקט אויף א יאָר אים אַלס „געגנוס״ , בּמקום מיידל …







# אביסל רכילות

גצלאָזט דעם „באָסיאַק" מאַרקיש מיט זיין „איר זעט א טשופּרינע?";
סעגאַלאָוויטש דעם „גרויזאַמען" מיט זיין „קריגערישער" מינע,
דעם האָפּערדיקסטן צווישן דעם קלובס גאַלאַגאַנסקע הענער,
וואָס פרווט פֿאַרטשעפּעט נאָר — און ס'פֿליען פעטש ווי שפּענער ···
דעם מפונק טונקעלער, די איידעלע בריאָה,
דערזעט אַ נאַש ווי ווײַט, טראָץ זיין שוואַכער ראִיָה,
וואָרום — זאָגט ער — מַה יִתְרוֹן לַגֶבֶר? וואָס איז א געלַקחֶנטער וויץ פֿאַר אַ מציאָה,
אויב נישט דאָס ביסעלע אַכילה ושתִיָה? —

גצלאָזט דעם גרעק קאַרלינוס, אַ איבערבלייבעכץ פֿון אַלטע צײַטן;
דעם שאַ-שטילן אַברהם זאַק — אַ מענטשל „צו גאָט און צו לײַטן";
דעם „פאָד-דיקטאַטאָר" פֿון „מאָמענט", דעם חָתן-בָחור פראָפּוס;
נַחמן מייזלען, דעם פּריש-געבאַקענעם ליטעראַטור-אֶפּיטרופּוס;
דעם „צוואַניאַק" י. זינגער מיט די „אַמעריקאַנער גליקן",
וואָס בײַט אויף פָּשוטן „קופּער" זיינע „פּערל"-אַנטיקן ···
קאַציזנעס צום סופֿיט פֿאַרגלאָצטע קאָזע-בליקן;
דעם „אַברֵך-מֶשִי" העפּטמאַן, וואָס וויל געפֿינען אַ תִּיקון
פֿאַר די נודנע, בלוטאָרימע „הַיוֹם"-רובריקן
אין גימַטרִיָאות און נוטרִיקין;
דעם „בַעל-הַטוּרים", וואָס פֿאַרשטעקט אין אַ ווינקל מיט זיין לירע
טראַכט ער און זוכט פֿאַרן „פֶּרֶק-שירָה",
שטיל און באַשיידן אַזוי,
אַ גראַם צו — פּלוי ···





געלאָזט דעם ד״ר גליקסמאַן מיט זיין „אער מיר גוטס גינט״-גראַציע,
(לויט פֿרויד׳ס צראָטיש-פּסיכאָאַנאַליטישער סעקסואַליזאַציע···) ;
ביליִנאָוויטש׳עס „מַגידות״ און זשורנאַליסטיק-אימיטאַציע ;
דעם הומאָריסט גאָלדשטיין, אויף וועמעס פָּנים מען קאָן לייגען
דעם צַער פֿון אַלע דורות, — אַז ס׳ווילט זיך וויינען, וויינען···
דעם מאָלער ליכטענשטיין, וואָס איז משַמֵש מיט צוויי כּתָרים :
אַ פֿעדער, וואָס שמירט בילדער, און אַ פּענזל, וואָס קאַלעטשעט מַאמָרים;
דעם „רעדאַקטאָר״ גראַפֿמאַן מיט די באַרימטע „צום פֿאָלק מאַניפֿעסטן״;
דעם ליטוואַק משה זילבורג מיט זיינע טַענות און פּראָטעסטן
צו די יִדישע רעדאַקציע-לײַט און פֿאַרלעגער, בַּאֲשֶר
זיי ווערן משוגע נִתעַשֵר !
דעם „לַמדן״ נירענבערג׳ן, קוטשער׳ן — דעם קלובס „אינטעליגענץ״ ;
ד׳ שאַך-בַטלָנים הימעלפֿאַרב, קרעמער, באָרנשטיין און די איבריקע ש···

געלאָזט ר׳ מנחם-מענדל׳ען, דעם מֶלך פֿון די „דגושים״,
וואָס קנעלט מיט חֶברה „קָמץ-אַלֶף״, מַמֶש חִדושים ;
די צַדֶקֶת מָרַת קלאַרע מיט די „ל״ב פֵּירושים״···
דעם באַנקיר הערשעלע, וואָס „טאַפּט נעבעך אַ וואַנט״ ;
דעם מעצענאַס קיפּניס מיט זיין וואַרעם האַרץ און ברייטע האַנט;
זִמרה זעליגפֿעלד מיטן פּעקל אָפּגעשלאָגענע הוֹשַענות :
די „אַבראַמ׳ס״, די „יאָשקעס״ און די „בריַינע׳ס״ ;
דעם מוזיקער שנֵיאור מיט זיין סימפֿאָנישן כראָפּן
אַלאַ טשייקאָווסקי און אַלאַ שאָפּן,


דר. לייפונער


ז. שניאור


דר. א. גליקסמאַן

# אביסל רכילות




געלאָזן די דאָן-קישאָט'ס פֿונם געסל, די חכמים, די אויפֿגעקלערטע:
דעם חבר מיכאַלעוויטש, דעם „בונד'ס „גראָבע בערטע״;
דעם פּ״צ'אישן זרובבֿל, אין „רויט-בלויען״ טלית;
דעם כוואַט יאַנקעלע פּאַט — „דאָס מערכען פֿיר אַלעס״ ···
דעם מיניסטער ד״ר זילבערפֿאַרב, דער קהלישער צאַפּ,
פֿאָרט אַהין און אַהער — „דאָ אַ כאַפּ, דאָרט אַ לאַפּ״ ···
דעם „אינדיאַנער״ אייסוראָוויטש — אַ מענטשל אַ טשיקאַווע:
טוט אַ שפּאַציר זיך, למשל, דורך דער „דזיקע״, צי דורך „פּאַווע״
און ברײַעט מעשׂיות וועגן הדו, וועגן כּוש און אינזל יאַווע ···
דעם „הויף-לץ״ שעפֿנער — אַ ממזרניק אַ יונג,
האַקט אַריין אַ טוץ ציוניסטלעך מיט איין שלונג;
דעם חבֿר גילינסקי מיט זײַן זעלנעריש-בונדיסטישער עטיק,
אויסגעהאַלטן לויט אַלע כּללים פֿון „שעדשפּוטאָווסקיס אַריפֿמעטיק״ ···
דעם „שול-טוער״ מענדעלסאָן, וואָס איז תּמיד עוסק, כּסדר „טעטיק״,
וואָס שמײַעט, האַוועט, לויפֿט און ווערט נישט מיד,
אַ מין „שכנא דריי זיך — זאָל מען מיינען, ס'אַ יאַריד!״ ···

געלאָזן די „קאָנצעפּציע-לײַט״, די טויגעניכטסן און שלימזל'ס
פֿון די „סטודיעס״, „דראַמאַטישע ווינקעלעך״ און „אַזאַזעל'ס״
און געזעלשאַפֿטן פֿון „היעראָגליפֿן-קונסט-פֿאַרשפּרייטער״:
דעם ד״ר לייפֿונער, וואָס שטייט תּמיד אַ גרייטער
אַ טענצל צו כאַפּן, צי בלאָזן אין טורן-טראָמייטער;
דעם אומשטערבלעכן דוד הערמאַן, דעם כּל-יכול'דיקן בינע-לייטער
פֿון דראַמע, אָפּערע, קאַבאַרעט, און אַזוי ווײַטער, און אַזוי ווײַטער ···





בערלעווי׳ן, וויינטרויב׳ן מיט זייערע קוּביסטיש—קוּבּעבּצ-דעקאָראַציעס,
אַ געמיש פֿון בּוּשמענער-סטיל און קאָזע-קאָמבּינאַציעס ···
דאָס בֶּן-יָחִיד׳ל גאָדיק מיט די פְּלָאַי-פְּלָאִימ׳דיקע פֿראַנציסקאַנער-גאַס„קרעאַציעס״···
דעם „עקספּערט״ אַפּענשלאַק, דער מבינות-זאָגער און יַדען
אין הִלְכות „סצענע״-וּראֶינה, פֿיס-קאָנקורסן און קינסטלער-מאַסקאַראַדן···
דעם שאַלאַטן-שַמֶש פֿלאַקסער, אַ שאַכער-מאַכער אַ געניטער,
וואָס וואו צוויי, איז ער דאָרטן אַ דריטער···

געלאָזן ד״ר שיפּער׳ס קילאָמעטער-לאַנגע דרָשות,
געפֿילט מיט אֲחַשוֵרוֹש-שפּיל און היסטאָרישע חֲלָשות;
דעם ד״ר ווייכערט, דעם „לְשֵם-שָמַיִמ׳דיקן״ - אַרטיסטן-באַשיצער;
לעאָן פֿינקעלשטיין, דעם יונגן, דאָך נישקָשֶה׳דיקן וואַסער-שפּריצער···
דעם „רוּסקי טשעלאָוויעק״ זאַקס, דעם אויוונס-אונטערשטיצער;
מַארק טורקאָוו מיטן מאָנאָקל — אַנ׳עכטער „שוויצער״!
דעם „עס-טעטיקער״ אַראָנסאָן, דער אָראַטאָר און בַּעל-לָשון;
דעם קינצלער טיקאָטשינסקי מיט זיין „באָרגט מיר 10 גראָשן״;
דעם לאַנגאָץ שפּיגל, דעם „עוֹג מֶלך הַבָּשן״,
מיט דער טעקע שֵמות און „אַשֶר-יָצַר״-בילעטן,
אויסשניטן פֿון מֶלך סאָביעסקי׳ן און שטיקלעך אַלטע גאַזעטן···
די „אַרבּייטסלאָזע״ דאַקאָווסקי, וואָלמאַן, ראָזען,
וואָס, כ׳לעבן, ווען מען וואָלט זיי נאָר דערלאָזן
כאָטש אַלס שעף-רעדאַקטאָרן אין „היינט״ צי אין „מאָמענט״,
וואָלטן זיי ווייזן ערשט, וואָס הייסט גאונות און טאַלענט!···





# אביסל רכילות

געלאָזן די נאָבעלע געוויסנהאַפֿטע בלאָפֿער-באַנדע :
פֿינקיגדן, דעם הויפּט פֿון דער „טשייניק-האַקער"-קאָמאַנדע,
די **ביבער'ס**, די **פּערעלמאַנ'ס** און אַלע „רירעוודיקע" פּרעסע-ריטער,
וואָס „פֿאַרזייען זאָל מען זיי געדיכט, און וואַקסן מעגן זיי שיטער"...

בקיצור, אַלע שלעק און ספּאָדיק-דרייער פֿאַרלאָזן במחילה,
די מאַכערס און די מלמדים אַפֿילו
פֿון „קולטור-ליגע", פֿון צ.י.ש.אָ. און פֿון „תּרבות",
און אַהער אַהער געקומען — עסן אַרבעס!

און דערפֿון טאַקי איז אַ מוסר געדרונגען
פֿאַר אַלע מוידן און פֿאַר אַלע יונגען, —
אַ כּפּרה „קונץ", אַ כּפּרה ליטעראַטן,
אַ כּפּרה „טריאַטער", אַ כּפּרה רעפּעראַטן!
און פֿאַרשריבן זאָל עס ווערן אויפֿן קוימען :
אַז העכער פֿון שפּינאָזע'ן, העכער פֿון בוימ'ן,
העכער פֿון אַרנאָלד'ן, פֿון אַנרי באַרביס —
איז אַביסל געפֿעפֿערטע און געזאַלצענע אַרבעס!



טעקסט-שריפֿט, אויפֿן אָלימפּ (נאָך ערק),
הילע, וויניעטן–געצייכנט פֿון מחַבר

★

די פּאָרטרעטן — לויט די סקיצן פֿון
אַפּעלבוים, בערלצווי, גאָלדבערג,
פֿייגענבוים און פֿרידמאַן

---

צינק-קלישן: צינקאָגראַפֿיע „גראַפֿיקאָן"
וואַרשע, מאַרשאַלקאָווסקע 131, טעל. 286-50

★

דרוק: י. הענדלער, דלוגע 26

★

בראָשירונג: ש.ל. רובינשטיין, דלוגע 43

DRUK. I. HENDLERA, WARSZAWA, DŁUGA 26

